צוקער. גלײַך װי מען נעמט אים אין מויל — װערט ער נישט. איז ער שוין צעגאַנגען, פּונקט װי אַ װאָך שכירות.

דאָס איז, איר װעט מיך אַנטשולדיקן, לעמעשקע, נישט קיין צוקער. צעקראָכן, װי דאָס גאַנצע לעבן דאָ, עס האָט קיין ממשות נישט, קיין האַכט. אָט נעמט די היגע מענטשן, איז פון אױבן אױף, דוכט זיך, זענען די היגע מענטשן געזונט און שטאַרק — אָבער אין תּוך אַרײַן האָט יעדערער װאָס צו טאָן מיטן מאָגן. װוּ מען גײט, הערט מען נאָר מאָגן, מאָגן, מאָגן! אָדער גײט זיך מיט דער װײַב, אָדער מאָגן...

הערשל האָט אַ זופּ געטאָן פון גלאָז אַ ביסל טײ, זיך אַ קרים געטאָן און װײַטער גערעדט.

אַי, אינדערהײם איז גאָר געװען אַן אַנדער לעבן!

אָט, למשל, היטלעך צוקער, איז האָט איר עס דען בײַ אײַך?

בײַ אונז אינדערהײם, אַז אַ באַלעבאָס פלעגט אַרײַננעמען אַ היטל צוקער אין הויז, איז דאָס געװען אַ יום-טוב. אַ היטל צוקער איז נישט קיין פּונטעלע צוקער, עס איז דאָ אױף װאָס אַ קוק צו טאָן, אַ רחבות! עפּעס מעשה מענטש! עס איז געװען אַ סימן, אַז מען איז אַ באַלעבאָס און נישט קיין אפּרײַטאַר!*)

און דאָ בײַ אײַך איז אָדער זאַמד, אָדער שטיקלעך צוקער און נאָך צעקראָכנס דערצו...

בײַ אונז אינדערהײם האָט מען אױך געהאַט שטיקלעך צוקער, אָבער ס׳איז אַ גרויסער חילוק װי מען מאַכט עס: אַ באַלעבאָס, אַ ייִד פלעג נעמען אַ היטל צוקער, אָפּהאַקן אַ שטיק און פון דעם אַלײן מאַכן שטיקלעך. און, חוץ די שטיקלעך, איז דאָס געװען אַ שטיקל אַרבעט אױך, מען האָט געװוּסט, אַז מען איז באַלעבאָס פון הויז און מען טוט עפּעס... און װער רעדט נאָך, אַז מען האָט געהאַקט דעם צוקער אױף אַ מאַשינקע — איז דאָס שוין געװען אַ „חכמה" אױך, מען האָט געדאַפט היטן די פינגער... אָבער דאָ בײַ אײַך איז דאָך אַלץ פון דאָס גרײטע, מען קריגט אַרײַן אין הויז אַלץ צעהאַקט און צעבראָקט, אַלץ גרײטע: װאַסער, פײַער, צוקער, מילך, דלות... פאַר אַ באַלעבאָס אַ ייִדן איז דאָ נישטאָ װאָס צו טאָן. און דערפאַר אַנטלויפט מען פון הויז. דערפאַר איז מען װי אַ הונט אין הויז. די װײַב האָט קיין רעספּעקט נישט...

דאָ, בײַ אײַך, אַז מען װיל טײ, איז אַ דרײ דעם קראַן — און איר האָט טײ. און װײַסט איר, װי איך פלעג אינדערהײם מאַכן טײ?

*) אַן אַרבעטער אױף אַ ניי-מאַשין.

# טענה נומער 1.

## וואָס ווייס מען דאָ פון אַ לעבן?

— עס, אַמעריקע, איז גאָר קיין מדינה נישט. אָט נעמט, למשל, צוקער, איז וווּ האָט איר דאָ אמתן צוקער, ווי אינדערהיים?

אָט אַזוי האָט זיך צערעדט מיט מיר ביי אַ גלעזל טיי טאַקע מיינער אַ גרינער שוועסטערקינד, הערשל, אַ ייד, וואָס חוץ דעם ים, איז ער שוין אויך אַריבערגעפאָרן די פופציקער.

— דאָס האָט איר, גרינע, בלויז זיך אַזוי איינגערעדט, — פּרוּוו איך זיך אָננעמען דעם כבוד פון קאָלאָמבוסן.

— איר וועט מיך נישט איינרעדן, אַז איך האָב זיך איינגערעדט, — מאַכט הערשל, — וואָס פאַרגלייכט איר צוקער צו צוקער? היימישער צוקער איז טאַקע געווען צוקער און היגער איז גאָרנישט!... אַ היימיש שטיקל צוקער איז, ערשטנס, געווען האַרט, און ווען מען פלעגט עס נעמען אין מויל, איז כאָטש האַלט עס אייביק, פּונקט ווי אַן איידעם אויף קעסט, — האָט זיך צעלאַכט מיין שוועסטערקינד.

איך האָב אויך געלאַכט און הערשל האָט געטענהט ווייטער:

— אַי, וואו נעמט מען אַ היימיש שטיקל צוקער! דערפאַר האָט אינדערהיים אַ גלאָז טיי געהאַט אַ טעם גן-עדן, ווייל דער טיי איז אויך געווען נישט קאָלאָמבוסעס — נאָר וויסאָצקיס. די אמתע וויסאָצקיס.

יאָ, וועגן היגן צוקער: איר וועט מיר נישט איינרעדן, אַז עס איז

# אינהאַלט:

דער לעבעדיקער

# 100
# טענות צו אַמעריקע

פאַרלאַג „אחיספר", וואַרשע

Printed in Poland

